נומער 9
כא״יי אקטאבער 1962

# שפּילקעס

סאַטירישער חודש-זשורנאַל דערשיינט מיט רעגלמעסיקער פ ארשפעטיקונג יעדן חודש
רעדאַקטאָר א א ליבערמאַן



אייב ס איז נויטיק א דריטער וועלט - קריג או דער קאמוניזם זאל באהערשן די וועלט
איז עס פארפושט



# דער אמת וועגן קובא

די ידיעה וואס מיר גייען אייך איצט איבערגעבן, איז ווייט נישט קיין אפיציעלע. (צו אפיציעלע ידיעות האבן מיר שוין לאנג נישט קיין צוטרוי). דאס זענען בלויז קלאנגען וואס ליגן זיך אויפן שבר און ליגן.

אין דער טראגישער נאכט פון שבת אויף זונטיק דעם 21־טן אקטאבער ווען די ראקעטן אין קובא זענען געווען אנגעשטעלט אויף ניו־יארק און וואשינגטאן גרייט אויסצושיסן זאל ברושטשעוו האבן באקומען א טעלעפאנישן אנרוף וואס איז פונקט אזוי געהיימניספול ווי פאטעטיש.

— האַלאָ! דאס זענט איר?

— יאָ.

— דאָ קלינגט מען צו אייך פון שטאקהאלם.

— שוועדן?

— איר האט געטראפן שטאקהאלם געפינט זיך אין שוועדן.

— וואס ווילט איר פון מיר אין מיטן נאכט?

— דאס רעדט צו אייך איינער פון דער קאמיסיע פון נאבעל־פרייז פאר שלום 1962...

— נאבעל־פרייז פאר שלום?

— יאָ די נאענטסטע טעג וועט איר האבן אן אפיציעלע ידיעה...

אין דעם מאמענט איז ברושטשעוו אריינגעפאלן דאס טרייבל פון האנט. ער האט געכאפט ווען דאס ווייב נינא מיר זענען באגליקט געווארן 25 מיליאן פראנק!... נאבעל!

נינא האט זיך פאוואליע און שיוער אייפגעזעצט און אנגעהייבן ריידן מיט א גן פול פחד אויף איר מאן זי האט זיך אויף גיך איבערגעצלמט באזיצ מאי! איך האב געזוכט אז דער סוף וועט אזוי זיין — די רעספעקטלעכע אינטערנאציאנאלע וועט פון דיר מאכן א חל... באדיין דיך נאלובטשיק אט גיי איך דיר מאכן דעם סאמאוואר.

— אבער רעד נישט קיין נארישקייטן נינא איך בין נישט משוגע, עס שטייט מיר צו ארדינען 25 מיליאן פראנק אויב איך וועל זאפארט צוריק

נעמען אונזערע ראקעטן פון קובא... מיט אזא סומע קענען מיר שוין אפילו אפ־ גרעטן דאס קרעמל פאר אנדערע...

וואס ווייטער עס איז געווען ווייסט איר.

די אפיציעלע ידיעה פון שוועדן איז טאקע באלד געקומען אז פארן יאר 1962 איז נישטא קיין נאבעל־פרעמיע...

די ראקעטן זענען שוין געווען אונטערוועגס. צוריק פירן קיין קובא איז נישט מעגלעך.

וואס איז אייגנטלעך פאקטיש פארגעקומען אין שוועדן? צי האט מען זיך דארט געבאפט. אז מיטן אפלייגן די נאבעל־פרעמיע אויף נאך א יאר וועט מען זיכערן דעם פרידן פאר א יאר? סוף בל סוף וועט ברושטשעוו שטענדיק אקצעפטירן די נאבעל־פרייז־סומע אפילו אין 1963. אדער האט די נאבעל־קאמיטע זיך פלוצים געבאפט אז קענעדי איז פונקט אזא שלום־העלד ווי ברושטשעוו און עס קומט אים א האלבע פרעמיע?

דאס אלץ איז דערווייל א סוד אייזאך איז קלאר — און מיר זאגן עס מיט אונזער פולער לאיאלקייט און זשורנאליסטישע אנשטענדיקייט (קאלעגע ג. זילבערבערג וועט אונז פארשטיין) — אז ברושטשעוו איז אין דעם פאל קובא, פשוט און ברוטאל אפערירט געווארן. קלארער גערעדט: באשווינדלט.

ווילן מיר טאקע איצט אויסנוצן די געלעגנהייט און צוגעבן אונזערט א וואגיקע מיינונג וועגן דעם נאבעל־פרייז פאר שלום בכלל. ווען אלפרעד נאבעל וואלט נישט געווען געשטארבן אין 1896, נאר ער וואלט נאך היינט געווען צווישן אינז וואלט ער זיכער מיט אונז מסכים געווען או די נאבעל־פרעמיע פאר שרום קומט נישט תמיד די פאליטיקער, נאר די טומע פון 25 מיליאן דארף גייכער פארטיילט ווערן צווישן 25 משפחות וווּ עס הערשט שלום־בית. שלום־בית איז זייבטיקער און צוועקמעסיקער ווי שלום־טרקור ווען א מאן גט די פרוי בדי עס וואַר זיין שלום אין שטוב, קומט אים א פרעמיע. ווען א מאן גט זיך נישט. נאר ער ליידט פון א ווייב א מרשעת. קומט אם נאך א גרעסערע פרעמיע

זאל די נאבעלע נאבל־קאמיטע זיך פארטראכטן וועגן דעם.

## קורין און וויראזשע

:אם סעגאל

[illegible]

•

ביזאר יאנדעפיס

[illegible]

•

באנאס לאנגמוס

[illegible]

•

יכף שירגער

[illegible]

•

[illegible]

# נישט מיט וויינען נאר מיט לאכן... וועלן מיר די וועלט איבערמאכן

## נייע ווענדונג אין דער פרשה בריזשיט באר־דא

דאס מיספארשטענדעניש וועגן בריזשיט באר־דא, איז ענדלעך אויפגעקלעדט א דאנק אן אינטערוויו וואס די נרדיטע ריינסטעין האט באוויליקט אונז צו געבן.

ברידשיט באר־דא האט אונז אויפגענומען אין אב ע שאמבער, עס איז געווען פאר־טאג, ווען זי האט זיך געגרייט צו זיין שלאפן. אונזערע ערשטע ווערטער זענען געווען:

— באנזשור ברידשיט!

— רופט מיך נישט בריזשיט, נאר בריינדל, כ׳וויל ווי פריער...

— טאקע? טאן בלאג?...

— אווי ווי איך הערט.

— איז טאקע אמת דאס אלץ וואס א. סקו־ניק האט געשריבן, אז איר האט אייך מגייר געווען?

— איך האב מיך נישט באדארפט מגייר זיין: מיין באבע איז געווען.. א דרימענערין

— פא־מידאבל!

— דאס איז נאך גארנישט: איך האב בדעה עולה צו זיין..

— נאן!..

— עס איז זייער מעגלעך...

— אין ישראל איז אלץ מעגלעך...

— כאפט נישט! איך וויל זאגן, אז עס איז זייער מעגלעך אז איך זאל געניסן פון חוק השבות...

— פא פאסיבל!

— פא פאסיבל נ׳ע פא יידיש.

— צוליב וועלכע טעמים ווילט איר עולה זיין?

— קודם כל צוליב פאליטישע טעמים. איך בין דבער, אז דאס וואס גאליע מאיר האט ביי איצט נישט באוויזן אויפן געביט פון צוזאמענלעבן מיט אונזערע אראבישע שכנים, מעג איך מיך אונטערנעמען...

— איר לערנט עברית?

— ניין, דערווייל לערן איך אראביש, ווייל צווישן יידן וועט מען מיך פארשטיין אויף אלע שפראכן, אבער מיט אונזערע שונאים מוז איך רעדן זייער שפראך.

— ס׳לייגט זיך אויפן שכל..

— אזוי זאלט איר זאגן...

— און וואס העט מען מכוח א רבי ...

— שוין, לאנג געמאכט... דאס וואס איך וויל דאפן קענען, קען איך שוין מכנה כבר..



### אט פארוואס

א ייד וואס האט געזאמלט פאר א ישיבה האט זיך באקלאגט פאר א רב אז ער האט נישט קיין דערפאלג מיט זיינע זאמלונגען

— רבי, — האט דער זאמלער געפרעגט — פארוואס קאן מען פון די גבירים גיבער קריגן געלט פאר קאליקעס ווי פאר א ישיבה?

— ס׳איז גאנץ פשוט — האט דער רב געענטפערט — ווייל יעדער גביר ווייסט אז א קאליקע קאן ער נאך אויך ווערן, אבער א לערנער וועט ער שוין קיינמאל נישט ווערן.

## א שמועס צווישן געצל פון פלעצל און וועלוול פון בעלוויל

— וואס איז דער אונטערשיד צווישן דער עליה פון פראנקרייך מיט א ראדיא־טעלעוויזיע?

— ראדיא הערט מען, טעלעוויזיע זעט מען און עליה פון פראנקרייך נישט מען הערט און נישט מען זעט.

◆

— וואס איז מיט די באציאונגען צווישן ישראל און גאנא?

— דאס דארף מען פרעגן ביי גאמבאפאלסקי.

◆

אלס אויסדרוק פון פריינטשאפט מצד ישראל צו פראנקרייך זאל דער ראדיא קול ישראל הייסן ראדיא דע־גאל־ישראל.

◆

וועגן ראטשילדס אינוועסטיציע־פלענער פאר ישראל שמועסט מען, אז דער פאריזער ראטשילד גייט באלעבן דעם טויטן ים.

◆

דער תל־אביבער בירגערמייסטער איז שטארק אנטציקט פון פאריז און באשלאסן אנצורופן א גאס אין תל־אביב שאנס־אליעזר.

# לאכט איך אויס פון זיי

### מזרח - דייטשלאנד

צוויי מיטארבעטער פון דער מזרח־בערלינער צייטונג „נויע צייט" — א זעצער און א קארעקטאר — זענען ארעסטירט געווארן צוליב א דרוק־פעלער. אינשטאט די ווערטער „וואלטער אולבריכט ערשטער סעקרעטאר פון קאמוניסטישן צ. ק." איז דערשינען אין דער צייטונג א שורה „וואלטער אולבריכט, ערשטער סעקרעטאר פון קאמוניסטישן ק. צ." — און ק „צ" מיינט זיך אויף דייטש, ווי באוואוסט — „לאצעט" (קאנצענטראציע־לאגער). די טענות פון די דרוקער־ארבעטער אז דער פעלער איז געמאכט געווארן צופעליק, האט זיי נישט געהאלפן — מען האט זיי ביידן אריינגעפאקט אין ח ג („חד־גדיא") און גיי שריי ח. ו. („חי וקים")

### צוקונפטס - גליקן

אין מאסקווע גייט איצט ארום אזא מין אנעקדאט

א רעדנער שטייט אויף דער טריבונע ביי א מאסן־פארזאמלונג און לויבט שטארק ברושטשעוו „מיט דעם איצטיקן פינף יאר־פלאן — רופט ער אויס שילדפרעדיק די צוקונפט — וועלן מיר דבן דער אנט און אריבערגעיאגט אמעריקע. זין פינף יאר ארום וועט יעדער פינפטער סאוועטישער בירגער האבן אן אייגענעם אויטאמאביל יעדער דריטער בירגער וועט האבן אן אייגענע טעלעוויזיע און יעדער צווייטער בירגער — אן אייגענע פאר שיך

### אלץ וואס הייבט זיך אן מיט כל

אין רוסלאנד זאגט מען אז אלץ וואס הייבט זיך אן מיט „כל" איז נישט גוט: ביים זאגן כל נדרי, דארף מען נישט עסן 24 שעה. ווען מען זאגט כל דיבפין, מוז מען א וואך צייט לעבן אן ברויט. און מען זאגט קאלכאז. הייסט עס אז מען הונגערט א גאנץ יאר.

### ביידע זאגן צו

צו א בר־מצווה אין א שול זאגט איין ייד צום צווייטן: „די פראנצויזישע בר־מצווה־בחורים דערמאנען מיר אין ברושטשעוו: ביידע זאגן צו און האלטן נישט קיין ווארט"...

E P I N G L E S
Directeur-Gerant .
A A LIBERMAN
20, Allee des Bouvreuils a Drancy
(Seine)
Tél AVIthon 18_89

קארעקטאר — ד מלחד

Imprimerie PAX, 17 r. St- Joseph
PARIS 2e